שטיצט דאָס בלימעל לטובת דעם יודישען אָרקעסטער פון „ברית-טרומפעלדאָר" דאָנערשטאָג דעם 18 ה. ח.

„Radomer-Kielcer Leben" 36 (326) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" VII-ער יאָהרגאַנג פּרייז 25 גראָשען

הייגט 8 זייטען.

Radom, Piątek 12 Września 1930 r.

ראַדאָם, פרייטאַג י"ט אלול תר"צ

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

Redakcja i Administracja

Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

אַנאָנסען - פּרייזן:

אין מילימעטער שורה: פאַרן טעקסט 40 גר.
" " " אין " 60 "
" " " נאָכ'ן " 25 "

די 1-טע און לעצטע זייט ענטהאַלטען 8 שפּאַלטען

" אין טעקסט 4

Z intencji zaręczyn naszego brata **Leona**

z p. Edzią Birenbaumówną

życzymy aby droga ich szczęścia była wysłana kwiatami miłości i zadowolenia.

M Goldman z żoną

---

Edzia Birenbaumówna
Białobrzegi

Leon Goldman
Radom

**Zaręczeni**

Radom 8 Września 1930

---

צו דער פערלאָבונג פון אונזער זוהן לייבעל

מיט פרל' עדזיאַ בירענבוים

ווינשען מיר זיי גליק און צופרידענהייט

אויף אימער און עוויג.

עלטערן יונה און מלכה'לע גאָלדמאַן.

---

צו דער האָכצייט פון אונזער שוועסטער, שוועגערן

און מוהמע לאה גוטמאַן מיט ה' בן-ציון ווינבערג

ווינשען מיר די עלטערן פיעל נחת

און דעם יונגען פּאָרל אַ גליקליך צוזאַמענלעבען.

אברהם ווייסבאָרד עט פרוי און קינדער.

---

Z okazji zaręczyn mego ukochanego brata

Leona z p. Edzią Birenbaumówną

życzę by promienne blaski słońca olśniewały

ich [illegible] złotą aureolą.

Moryc Goldman.

---

Z intencji zaręczyn naszego brata i szwagra

Leona Goldmana

z p. Edzią Birenbaumówną

życzymy dużo szczęścia i wiecznego zadowolenia

Abramostwo Jakóbowicz.

---

Z intencji zaręczyn

p. Geni Koperwaserówny z p. Chaimem Studnią

życzymy różowej przyszłości i harmonji dusz.

Josef Hendel, Binem Rojal,
Joachim Sztatwajner.

---

Państwu Fiszman

z intencji zaręczyn CÓRKI oraz zaślubin SYNA

serdeczne życzenia składają

**Mania, Ilka, Nomka, Gusław, Jakób, Beniek, Adek, Filip.**

---

צו דער התונה פון פרל'

הנה בערגער

מיט ה' שלמה דוד אַנקערמאַן

ווינשען מיר דעם יונגען פּאָר'ל

אַ גליקליך צוזאַמענלעבען

און די עלטערן פיעל נחת.

פעדערמאַן עט מעלכיאָר.

---

צו דער פערלאָבונג

— פון פרל' —

טאָבטשע גאָלדבערג

מיט ה' יוסף צוקער

ווינשט פיעל גליק.

דיר רייך.

---

דעם ה' ר' אב"הם גאָלדבערג מיט זיין ווערטע פרוי

צו די תנאים פון זייער ליבע טאָכטער

טאָבטשע מיט דעם ה' יוסף צוקער פון וואַרשאַ

ווינשען מיר פיעל נחת און גליק

דאָס פּערסאָנאַל:

פרל. צביה סאַמעלסאָהן, פּייטשע גאָלדפּאַרב,
ליבע רייך, ישראל שטערענבערג,
אהרן גוטמאַן, הירשעל געלבערג,
שמואל צוקער, יעקב פריילעך,
לייביש זיגמאַן, לייביל האַבערמאַן,
לייזער ציטרינאָוויטש, שלמה ראַקאָטש,
זאַנוועל יעגער, שמעון גוטמאַן,
אפרים רייך, ישראל דוד ניימאַרק.

---

Stroskanej Rodzinie

# RUBINSZTAJN

z powodu przedwczesnej śmierci

# MĘŻA i OJCA Ich

głębokie współczucie

wyrażają

LAKSOWIE.

---

עטופי צער ויגון אנו עומדים על קבר חברנו היקר

# משה צוקרמן

המת בדמי ימיו.

הננו מביעים את השתתפותנו העמוקה בצער של משפחתו.

מחנכת וחבריו — ותיו ממחלקה VI

מבית-הספר „חובבי-דעת"

ברדום.

# צי קאן דער ראדאמער וואהל־קרייז ארויסגעבען א יודישען דעפוטאט.

מיר האבען בעקומען פון איינעם פון אונזערע לעזער צוגעשיקט א ארטיקעל, וואס האט א דירעקטע שייכות צו די פארשטעהענדע סיים־וואהלען. דער לעזער שטעלט פאר א פראיעקט ווי אזוי די ראדאמער יודען זאלען געהן צו די וואהלען, כדי צו זיכערען זיך א מאנדאט.

צוליב דעם אינטערעסאנטען אינהאלט גיבען מיר אב ארט פאר דעם ארטיקעל, איבערלאזענדיג גלייכצייטיג די מעגליכקייט פאר די יעניגע לעזער, וואס בעזיצען א פאליטישע אריענטאציע זיך ארויסצוזאגען אין דער דאזיגער אקטועלער פראגע. אלענפאלס גיבען מיר דאס ארטיקעל אויפ'ן גרונד פון א פרייער דיסקוסיע.

ר ע ד.

מיר טרעטען אריין אין א נייעם וואהל־פיבער. א קורצער צייט־פערלויף טיילט אונז אב פון היינט ביז די נייע סיים וואהלען; ס'איז א צייט פון קנאפע צוויי און האלבען מאנאט.

אין גאנצען לאנד ווערען געמאכט גרויסע הכנות און מען גרייט זיך אין דער גרעסטער שפאנונג צום וואהל־קאמפף. יעדער פארטיי, יעדער ריכטונג און גרופירונג שטעהט נישט מיט פערלעגטע הענד. מען קאמבינירט, מען רעכענט, מען קאלקולירט און מען מעסט אין דער לענג און אין דער ברייט די וואהל פערספעקטיווען. יעדער לאגער זאמעלט כחות און מאביליזירט איהר ארמעע צום וואהל־מארש, אבער נאך מעהר פאלגט מען נאך מיט'ן גרעסטען נייגיר און מען שפירט אויס די כחות פון געגנער.

דער דאזיגער וואהל פיבער לאזט אויך, יודען, אויך נישט שטעהן אין א זייט, נאר רייסט אונז מיט אלס גלייכבערעכטיגטע בירגער צו נעמען אנ'אקטיווען אנטייל אין דער שאפונג פון דער געזעצגעבערישער אינסטיטוציע פון לאנד, וואס טראגט דעם נאמען פארלאמענט.

אויף וויפיעל דער טומעל און צורודערונג איז גרויס אויף דער נישט־יודישער גאס, איז אויף דער יודישער גאס דער טומעל נאך א פיעל גרעסערער. אויפ'ן יודישען פראנט איז פשוט א צומישעניש, אנ'ערבוביא. מ'שטעהט מיט בלאנדזשענדיגע אויגען און מען פרעגט: וואו געהט מען און מיט וועמען געהט מען צו די וואהלען? ווי אזוי און אויף וועלכע וועגען געהען מיר יודען אריין אין סיים? מיט וועמען שליסט מען שותפות און אויף וואס פאר אנ'אופן קאנען מיר זיך פערזיכערען א ענטשפרעכענדע רעפרעזענטאנץ אין געזעצגעבערישען הויז.

אויב ערגיץ־אנדערש איז דער פאליטישער האריזאנט נאך נישט גענוג קלאר און נאך ווייט נישט אויסגעלייטערט, איז ער ביי אונז פערוואלקענט און פערכמארעט ביז גאר. דער פירוד־הלבבות וואקסט וואס אמאל אלץ שטארקער. מיט יעדען מאהל וואס מיר ווערען רייכער מיט א סיים אלץ ארימער און קלענער ווערט די צאהל פון אונזערע יודישע אויסדערוועהלטע פארלאמענטאריער. אנשטאט צו ווערן צייטיגער, מעהר פאליטיש־בעוואוסטזיניגער און רייכער אין ערפאהרונג געהען מיר ריקווערטס און מיר בלייבען הינטערשטעליג.

גאר בעזונדערס פיהלען מיר זיך אונבעהאלפען ביי דער יעצטיגער סיטואציע. פון קיין בלאק צווישען די נאציאנאלע מינדערהייטען רעדט מען יעצט נישט מעהר. ס'איז מעהר ווי וואהרשיינליך, אז יודען וועלען דאס מאהל געהען פאר זיך בעזונדער. און דא רוקט זיך ארויס דער אמת'ער שווער־פונקט, וועלכער בעשטעהט אין דעם, וואס אין אזא פאל איז ממש א נויטווענדיגקייט א פאראייניגטע ליסטע ווענינגסטענס כאטש פון אלע בירגערליכע פארטייען, א זאך, וואס איז ליידער צו אונזער גרעסטען בעדויערן ווייט פון א נזער ווירקליכקייט. די אגודה וועט נישט איינשטימען צוגעהן בוזאמען מיט די ציוניסטען. אין בעסטען פאל וועט די אגודה מאכען בלויז דעם אנשטעל מ'זאל מיינען, אז זי וויל זיך פעראייניגען און צושטעהן צום בלאק, אבער ביי דער מאנדאטען־חלוקה וועט זי זוכען א וועג ארויס און דערפאר זענען מיר טאקע מסופק צי פון דעם גאנצען עסק וועט עפעס ווערען.

איך בין א פשוט'ער לעזער און דאך נעם איך אויף זיך די דרייסטקייט ארויסצוטראגען א פראיעקט, וואס האט א ענגען שייכות מיט אונזער שטאדט ראדאם. נאכדעם ווי ס'איז פארגעזעהן א שפאלטונג אין יודישען לאגער, וואס קאן זיך אברופען אויך אויף אונזער ראדאמער וואהל־קרייז און די צושפליטערונג צווישען אגודה'שע און ציוניסטישע וועהלער קאן דערפיהרען צו דעם פאטאלען אויסגאנג, וואס ווערט אויסגעדריקט מיט די בעקאנטע ווערטער „גם לי וגם לך לא יהיה" און אונזער שטאדט זאל ארויס פון וואהל־קאמפף נקי ווי מען זאגט, איידער צו געהען אויף אזא וועג, וואס איז עלול צו מאכען פערשפילען דעם יודישען מאנדאט, וואס דער ראדאמער וואהל־קרייז איז בכוח לויט אלע אויסרעכנונגען ארויסצוגעבען – איז דאך לאגישער און קאנסעקווענטער, אז ראדאם מיט די אלע ארומיגע שטעדטלעך, וואס געהערען צו אונזער וואהל־קרייז, זאלען געהען מיט א אייגענע ליסטע, אין וועלכער אלע ארטיגע יודען זאלען זיך אנשליסען אויף אזא אופן, אז קיין איין יודישע שטימע זאל נישט געהן פערלוירען און אלע ווי איינער זאלען שטימען פאר איין ליסטע.

כדי אויסצומיידען אויך אין דעם פאל פערשיידענע מעגליכסטע קאנפליקטען און מיינונג'ס - פערשידענהייטען צווישען דער אגודה און ציוניסטען, מיין איך, אז דער געווינשענסטער אויסוועג וואלט געווען ארויפצושטעלען אויף דער לאקאלער פעראייניגטער יודישער ליסטע א אונפארטייאישען יוד פון אונזערע מקומות, וואס זאל האבען א פאפולערען נאמען און גלייכצייטיג זיך קאנען לעגיטימירען מיט ענטשפרעכענדע פערדינסטען לטובת דער יודישער בעפעלקערונג דא אויפ'ן ארט.

דאס וואלט געהאט נאך א מעלה: אויסקריבענדיג א אנגעזעהענעם יודישען עסקן, וואס איז בעליבט ביי אלע שיכטען פון אונזער געגענד, וואלטען מיר, זיינע וועהלער, כסדר געשטאנען מיט איהם אין א ענגען קאנטאקט. ער וואלט געפיהלט און טוואלט איהם נאהענט געווען צום הארצען אינזערע נויטען און באדערפעניששען פאר וועלכע ער וואלט שטענדיג געפינען א געהעריגען אויסדריק ביי די מאסגעבענדע פאקטארען. א היימישער דעפוטאט פון אונזערע גבולים וואלט פערשטאנען און געגנוי אויסגעמאסט אונזער ספעציפישע לאגע דא אויף די ערטער. זיינע אינטערווענציע, וואס וואלטען אין דעם פאל געווען געבויט אויף ממשות'דיגען מאטעריאל, וואלטען זיכער אויך געהאט ערפאלג.

מיר וואלטען דאן, ווען מיר וועהלען א טיכטיגען אנגעזעהענעם טוער און דער עיקר אזעלכער, וואס האט ניט הינטער זיך קיין שום פארטיי־אנגעהעריגקייט, דערגרייכט צוויי זאכען: אי אונזערע שטימען וואלטען נישט צעבראקעלט געווארען אין מ'וואלט געהאט לויט אלע וואהרשיינליכקייטען א זיכערטען דעפוטאט, אין נאך דערצו א מענש אזעלכען, וואס איז אונז נאהענט און מיט אונז צוזאמענגעוואקסען. אזוי דיקטירט מיר מיין שכל הישר און קויב געפינען זיך אזעלכע, וואס וועלען מיט מיר נישט מסכים, וואלט זעהר געווינשען געווען צו הערען זייער מיינונג.

אדרבה לאמיר זיך אויפריכטיג פונאנדערערדען.

**א לעזער.**

Wystrzegać się naśladownictw

o podobnym brzmieniu




ווינטש־קארטען ! ראש השנה

קענט איהר שוין בעשטעלען ביי מיר אין דער דרוקעריי וואו ס'געפונט זיך א גרויסער אויסוואהל פון פערשידענע מוסטערן ווינטש־קארטען און וויזיטענקעס.

גרויסער אויסוואהל, פערשידענע מוסטערן ווי אויך אלע גרייסען און איז בוגעגליך פאר אלע.

דרוקעריי שיינבוים
רינעק 10.

רעעלע און סאלידע דרוק פון די לעצטע מאדערנע שריפטן.

100 וויזיטענקעס צוזאמען מיט'ן דרוק נאר 2 זל.

נוצט אויס די געלעגענהייט!

ס'ווערט אויך אנגענומען פערשידענע אנדערע דרוק־ארבייט און ארויסגעפערטיגט צו זעהר ביליגע פרייזן.

# אויף א בעזוך ביי די ראדאמער קראנקע אין בוסק.

ס'איז שוין פאר קיינעם קיין נייעס נישט, אז זינט א רייהע יאהרען שיקט די ראדאמער געזעלשאפט „עזרה" קראנקע קיין בוסק. געוועהנליך שטיצט די שטאדט, צי אין א גרעסערען, אדער קלענערען מאסשטאב די דאזיגע סימפאטישע אקציע, אבער דאס ווערט געטוהן אויף א מיטעלבארען אופן. ביי א סך פון אונזערע היימישע מענשען זעהט אויס די בוסק-אקציע ווי אן אבסט-אקציע. אמת, זיי ווייסען, אז מ'שיקט קראנקע אויף קוראציע, אבער נישט אלע זעהען עס מיט אייגענע אויגען, און נישט אלע שטעהען אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צו די ליידענדע צו קאנען זעהן וואס זיי פעהלט און וואס מ'דארף פאר זיי טוהן. ראובן, שמעון, לוי, יהודה וכדומה שפענדען טאקע געוויסע סומעס, אבער זיי גיבען דאס געלד מעהר צוליב די זאמלער, וועלכע מ'קאן נישט אבזאגען און גאנץ וועניג האבען זיי בשעת מעשה אין זין די קראנקע גופא.

די געניטע אנפיהרערשאפט פון אט דער אקציע לאזט זיך אבער נישט צופרידען בלויז דערמיט וואס איהר גיט זיך איין בעסער, צי ערגער דער פינאנציעלער ערפאלג פאר דעם צוועק. ביי איהר איז א אויפגאבע א וויכטיגע צו אילוסטרירען מיט לעבעדיגע פאקטען, וואס זאלען איבערצייגען יעדען איינעם אויף ווי ווייט נויטיג און נוצליך עס איז איהר ארבייט. די עזרה-לייטונג בעמיהט זיך וויפיעל זי קאן נאר אנצוקניפען א קאנטאקט צווישען דעם נותן מיט'ן נצרך. זי שטרעבט צו בעקענען דעם שפענדער מיט דעם קראנקען, און זיי פארבושטעלען געגענזייטיג איינער פאר'ן צווייטען, ווי מען זאגט: נא, קוק, וואו פין דיין געלד ווערט אויפגעטוהן. דו גיסט נישט דעם זאמלער נאר דעם קראנקען. מיר, די עזרה, זענען נאר בלויז די פערמיטלערין צו רעדען אין נאמען פון דעם געדריקטען, ליידענדען און קראנקען, וועלכער איז ביי זיך שעמעדיג און אומדרייסט צו מאנען ביי דיר אויטצופיהרען דיינע עטישע פליכטען, וואס דו האסט פאר דיינע ברידער און שוועסטער.

טראץ דעם גאנצען צוטרוי, וואס די שטאדט האט היינט צו דער „עזרה"-אנפיהרונג און מען גלויבט איהר אויפ'ן ווארט, האט זי נישט געוואלט אנטקעגנען דעם מאראלישען קרעדיט פון דער ראדאמער יודישע געזעלשאפט און זי האט זיך פשוט געבעטען ביי דער ארטיגער פרעסע: קומט איהר כאטש א קוק טוהן, וואס פאר די געזאמעלטע זלאטעס ווערט אויפגעטוהן. קומט און זעהט אין גיעט אב א גרוס פון אונזער מיה און ארבייט.

מיר האבען דעם בעשיידענעם פערלאנג צוליב-געטוהן. מיר זענען געפאהרען און געזעהן.

וואס האבען מיר געזעהן?

אנקומענדיג קיין בוסק זענען מיר פערפאהרען צו איינעם פון די שענסטע ווילעס. די ווילע הייסט „ווערסאל". איהר געביידע, וואס איז געשטעלט לויט'ן אויסלענדישען סטיל, פערנעמט אן אנגעזעהענעם פלאץ אין פראנט מיט א גאנצען בנין אויפ'ן הויף. אין דער זעלבער ווילע. וואו ס'וואהנען פערמעגליכע און זאגאר רייכע מענשען פון פערשידענע שטעדט, דארט זענען איינגעארדענט די ראדאמער קראנקע. זיי פערנעמען א גאנץ הויז וואס בעשטעהט פון א פארטער און א ערשטען שטאק. קרוב 30 צימערען פערנעמען די ראדאמער קראנקע. יעדעס צימער איז זויבער, ציכטיג און איינגעארדענט מיט אלע בעקוועמליכקייטען. אין יעדען צימער וואהנען צו צוויי פערזאהן. מיר בעזוכען די קראנקע. זיי זענען מונטער אין פיעל מיט האפנונג, אז זיי וועלען האבען דא אין בוסק די רפואה צו זייערע קראנקהייטען. פאראן צווישען זיי פרויען, מענער, קינדער, אלץ פיהלט זיך גוט און אויפגעלעבט ווי זיי וואלטען געווען פריוואטע קור-געסט און געפאהרען אויף אייגענע קאסטען. צווישען די 60 קראנקע בעגעגנען מיר פיעל בכבוד'יגע. לויט זייער האלטונג און מאניערען דערקענען מיר, אז זיי שטאמען פון העכסט-אנשטענדיגע און געוועזענע פערמעגליכע שטובען.

א בעזונדערס ריהרענדען איינדרוק מאכען די קליינע קינדערלעך. אזוי יונגיטשקע און שוין האט זיי דאס לעבען געגעבען צו פיהלען דעם ביטערען טעם פון פערשידענע מחלות. זיי געהען צוזאמען מיט די מאמעס, אדער מיט די עלטערע מענשען נעמען די בעדער, צאפלענדיג מיט'ן גאנצען פיבער פון זייערע יונגע נשמה'לעך פאר זייער געזונד-ווערען אום צו קענען צוריק אריין אין דער קעניגרייך פון אלע אנדערע געזונטע קינדער.

פאראן צווישען די קראנקע וואס קאנען אינגאנצען נישט געהן. זיי מוז מען פיהרען אין דער באד-אנשטאלט אין ספעציעלע וועגעלעך. אדער אין אויטאס. אויך פאר'ן צופאהר זארגט „עזרה" און האלט אויפ'ן אויג, אז די דאזיגע קראנקע זאלען זיך נישט ברויכען צו-פיעל אנשטרענגען.

אין גרויסען שפייזע-זאהל עסען די קראנקע צוזאמען ביי די זעלבע טישען וואס די רייכע פריוואטע געסט. די מאכלים וואס מען דערלאנגט אויפ'ן טיש זענען פאר אלע געסט גלייך. קיינער איז דא נים קיין מיוחס. פונקט די זעלבע מאכלים עסען די פריוואטע פערמעגליכערע און אפילו רייכע געסט. אזוי האט „עזרה" בפירוש אויסגערעדט מיט די רעסטאראן-אייגענטימער, אז זיי זאלען נישט מאכען קיין אויסנאהם און קיין אונטערשיעד. די רעסטאראטארען די ה"ה בוים און הייצבוך, וועלכע זענען סאלידע און אנשטענדיגע מענשען פאסען זיך שטרענג צו צום אבמאך. די עסענס זענען ווירקליך געשמאק, בע'טעמ'ט און צו דער זעט. דאס בעהאנדלען די קראנקע פון די רעסטאראטארען מאכט א זעהר גוטען איינדרוק. די קראנקע האבען דאס געפיהל, ווי זיי וואלטען נישט געקומען פון א געזעלשאפט, נאר ווי יעדער איינער וואלט פאר'ן פריהשטיק, מיטאג און קאלאציע געצאהלט פון זיין אייגענער קעשענע מיט א ברייטע האנד.

אויף ווי ווייט עס ווערט געזארגט פאר די קראנקע קאן אילוסטרירען פאלגענדער פאקט:

פאריגען פרייטאג האט מען אין גאנץ בוסק גראד נישט געקריגען קיין פיש אויף שבת. א אויסנאהם זענען געווען די ראדאמער קראנקע. זיי זענען געווען די איינציגע אין בוסק, וואס האבען געגעסען שבת פיש. ווי אזוי? — גאנץ פשוט. דער סעקרעטאר פון „עזרה" ה' פישמאן צוזאמען מיט די רעסטאראטארען פוי דער ווילע „ווערסאל" זענען מיוחד ארויסגעגאנגען 5 — 6 קילאמעטער נאך בוסק אין א דארף און פון א טייך געלאזט אויסשעפען לעבעדיגע פיש. די כונה דערביי איז אויסער לכבוד שבת אויך געווען א ריין-מענשליכע: זאלען די קראנקע, וואס זעהען אפשר נישט א גאנץ יאהר קיין פיש פאר די אויגען, כאטש פיהלען דעם טעם פון פיש בשעת זייער קוראציע.

א בעזונדערע ארדנונג ווערט געפיהרט ביי די בעדער נעמען. אלץ געהט לויט א רעגולערען פלאן.

יעדער קראנקער האט א קור-צעטעל, א דאנק וואס ער האט איינטריט-רעכט אין דעם שעהנעם פארק, וואו ער געניסט פון גוטע לופט, וואו ס'איז איהם היימליך און וואו ער הערט צוויי מאהל אין טאג א שעהנעם מיליטערישען ארקעסטער.

ווען מיר געהען אין פארק טרעפען מיר דארט ראדאמער קראנקע זיצען אויף די בענק אויסגעמישט מיט'ן פערשידענארטיגען עלעגאנטען פובליקום. אלע געהען ווי סאליד אנגעטוהן. מיט וואס איינער האט געקאנט האט ער זיך געסטארעט צו פערהילען זיין גוף מ'זאל נישט דערקענען דעם מצב פון זיין היים... די פנים'ער זענען איידעל, בעל-הבתיש. דאס אנטוהן איז בכבוד דערקענט מען טאקי נישט און דאס פובליקום האלט זיי'מיט אלע געסט צוגלייך און שעמט זיך נישט מיט זיי.

ווי מ'האט אונז איבערגעגעבען האט מיט יאהרען-צוריק אזוי נישט אויסגעזעהן... געענדערט האט זיך צום בעסערען זינט פרעזעס פון „עזרה" איז געווארען דער ה' א׳חמר אדלער, א דאנק וועמענס געזעלשאפטליכע ערפאהרונג אויף דעם געביעט, די היינטיגע בוסק-אקציע טראגט נישט דעם כאראקטער פון ביליגע פילאנטראפיע, נאר איז אויף א מוסטערהאפטען אופן און מיט א בעזונדערען טאלאנט איינגעארדענט. די דאזיגע בכבוד'יגע איינארדנונג קאסט נישט טייערער, אפשר גאר ביליגער. מען דארפס גאר קאנען און האבען א אידעאלע בעציהונג, נישט מעהר.

מיר פרעגען די קראנקע ווי זיי פיהלען זיך און צי זיי זענען צופרידען. און מיר הערען איין ענטפער:

— איהר ברויכט נאך פרעגען, און אליין זעהט איהר דען נישט? איהר זעהט דען נישט אליין די פאטערליכע בעציהונג צו אונז פון ה' אדלער?

און ווירקליך זעהען מיר צווישען די קראנקע בעקאנטע פנים'ער, וואס ערשט נישט-לאנג אין ראדאם זייענדיג האבען זיי אויסגעזעהן ווי סקעלעטען, צונויפגעקורטשעט פון יסורים'דיגע קראנקהייטען און דא נאך א פאר קורצע טעג, נאך עטליכע בעדער און גוטע מפלעגע האבען זיי בעקומען די מראה פון א מענש.

שבת צו-נאכטס עסען מיר צוזאמען קאלאציע מיט די קראנקע, אבער פלוצלונג ווערט די קאלאציע פערוואנדעלט אין א אמת'ע מלוה מלכה. אויפ'ן זאהל איז ליכטיג, היימליך, די געזאנגען ציטראגען זיך אין ווייטען דרויסען און פון די ארומיגע ווילעס קומען

געסט אין אונזער רעסטאָראַן אַריין. אַלץ ציהט אַהער, אפילו די שטאָדטישע יוגענד ציהט אַהער. זיצענדיג אַזוי ביים פרעהליכען טיש, פאַלט איין א געדאַנק: אַך, ווען מ'קאָן אַזוי דעם דאָזיגען טיש מיט'ן גאַנצען זאַהל געבען אַ טראַגאיבער קיין ראַדאָם אין זיי געבען א שטעל-אַוועק אין מ'טען פערטאַראַדאַמטען יודישען געסעל, וואו עס קאָכט און עס טומעלט פון מחלוקת'ען און ארומרייסענישען, ווי א זיסע נקמה וואָלט עס געווען אויף יענע ה"ה, וואָס זייער לעבענס-צוועק איז דער שפּיעל פון ארויף און אראָב, ווי בטול וואָלטען זיי געוואָרען און ווי וואָלטען זיי זיך פערלוירען פאַר אַזאַ הימאַניטאַרע און צאַרט-מענשליכע עובדא. א שאָד, וואָס מ'קאָן דאָס נישט בעווייזען און וואָס יענע ה"ה קאָנען נישט זעהן אין דעם גרויסען צעבושעוועטען ים פון שנאה און מחלוקה. דאָס קליינע אינזעלע, וואו ס'ווערט אָנגעפיהרט א שטילע, בעשיידענע רעטונג'ס-אַרבייט פאַר ליידענדע.

די מלוה-מלכה ווערט געשלאָסען מיט טענץ און געזאַנגען פון נאַציאָנאַלע נגונים און פאָלקס-ליעדער. דער פאַטעפאָן שפּיעלט און אויף דער וועראַנדע טאַנצען עטליכע יונגלעך און מיידלעך, בעל הבתישע קינדער, א הויראַ און אַנדערע טענץ. זיי ווילען די איבריגע קראַנקע און זיי פערגעסען אויף א ווייל, אַז דאָס טאַנצען זייערע קראַנקע איברים. זיי פערגעסען אויך אָן זייערע פער'דאגה'טע און פער'חושך'טע היימען אין ראַדאָם. מען טאַנצט מיט התלהבות און מיט דער האָפנונג, אַז אַהיים קיין ראַדאָם וועט מען פאָהרען געזונדטע, אויסקורירטע, אָדער וועניגסטענס מיט א רפואה, מיט א בעסערונג אויף די קראַנקהייטען.

* * *

מיר האָבען אויך בעזוכט דעם פּלאַץ, וואָס דער בוסקער גביר ה' צוקערמאַן האָט געשענקט פאַר „עזרה" אויפצובויען א סאַנאַטאָריום. דער פּלאַץ געפינט זיך אויף א באַרגיגען שטח אויפ'ן בעסטען פונקט צווישען די אָנגעזעהענסטע ווילליעס. דער באַרג איז שוין אויסגעטשאָכען און דער פרעזעס איתמר אַדלער האָט שוין א גרויסאַרטיגען פּלאַן, אויסגעאַרבייט דורך א אינזשיניער, ווי אַזוי דער סאַנאַטאָריום זאָל אויסזעהן.

אַבסערוואַטאָר.

## גרויסע פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציע אין ראַדאָם

### די יודישע בעפעלקערונג נעמט א לעבהאַפטען אַנטייל.

ראַדאָם האָט היינטיגען זונטאָג פּאַ-ניפעסטירט געגען דער אַטאַקע פון דייטשען אויסערן-מיניסטער טרעוויראנוס אויף דער גאַנצקייט פון די פּוילישע גרעניצען.

אין דער פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציע האָט זיך בעזונדערס אָנגעזעהן דער אַנטייל פון דער יודישער בעפעלקערונג.

די יודישע גמינה האָט זיך נעהענדעט צו אַלע ראַדאָמער אָרגאַניזאַציעס, זיי זאָלען דעלעגירען זייערע פאָרשטעהער צו דער זונטאָג'דיגער פּראָטעסט דעמאָנסטראַציע. די איינגעלאַדענע האָבען געשיקט זייערע פאָרשטעהער אין בעזונדערע דעלעגאַציעס. אויפ'ן הויף פון דער גמינע לובלינער 9 האָט זיך באַלד זונטאָג אין דער פריה פערזאַמעלט א גרויסער יודישער עולם מיט דעלעגאַציעס פון פערשידענע אָרגאַניזאַציעס ווי: יודישע גמינע, ציוניסטען, אָרטאָדאָקסען און האַנדווערקער. די לעצטע זענען בעזונדערס געווען צאָהלרייך פערטרעטען אין דער דעמאָנסטראַציע. בערך 600 מאַן זענען געקומען פון יודישען האַנדווערקער-קלוב און זיינע מיטגלידער האָבען געטראָגען אַ טראַנספּאַראַנט מיט פאָלגענדער אויפשריפט: „מיר וועלען נישט לאָזען ריהרען די גרעניצען פון דער פּוילישער רעפּובליק".

פון גמינע-הויף האָט דער יודישער עולם אונטער מוזיק-קלאַנגען פון יודישען אָרקעסטער פון ברית-טרומפּעלדור ארויסמאַרשירט צום פּלאַץ דריטער מאַי, וואו עס פערזאַמלען זיך דעלעגאַציעס פון די פּוילישע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע פעהנער און אָרקעסטערס.

נאָכדעם ווי פּראָפ. מאַלויא פערענדיגט זיין רעדע וועגען פּוילענס פרייהייטס-קאַמפף און ס'ווערען אָנגענומען א רייהע רעזאָלוציעס, פאָרמירט זיך א דעמאָנסטראַציע-צוג פון העכער 3000 מאַן מיט 25 פעהנער און עטליכע אָרקעסטערס, וועלכער לאָזט זיך אַוועק אין קיילעכדיגען מאַרק צום דענקמאָהל פון „לעגיאָנען-טהאַט".

פון גאַנצען צוג זעהט זיך בעדייטענר ארויס דער יודישער עולם, וועלכער מאַרשירט צוזאַמען מיט די יודישע דעלעגאַציעס און דעם יודישען אָרקעסטער פאָראויס.

אין דער דעמאָנסטראַציע האָבען זיך אויך בעטייליגט דער גאַנצער ראַבינאַט מיט הרב קעסטענבערג בראש.

## 100 טויזענד זלאָטעס פאַר ראַדאָמער האַנדווערקער

ווי מיר האָבען שוין זיינער צייט מיטגעטיילט, האָט די מלוכה בעשטימט פאַר ראַדאָם א סומע פון 100 טויזענד זל. אויף פונאַנדערצוטיילען צווישען די אָרטיגע האַנדווערקער אין כאַראַקטער פון לאַנגטערמיניגע הלוואות אויף מינימאַלע ציגזען.

ווי מיר דערוויסען זיך, איז די דערמאָנטע סומע שוין אָנגעקומען אויפ'ן אַדרעס פון היגען סיימיק. פון דער דאָזיגער סומע איז 70 טויזענד זל. בעשטימט געוואָרען פאַר קריסטליכע האַנדווערקער און 30 טויזענד זל. פאַר יודישע האַנדווערקער.

בכדי ראַציאָנעל צו פערטיילען די הלוואות איז געשאַפען געוואָרען א ספעציעלער קאָמיטעט, אין וועלכען ס'געהען אַריין קריסטליכע און יודישע האַנדווערקער. צום קאָמיטעט איז אויך צוקאָאָפּטירט געוואָרען אָנגעזעהענע בירגער פון שטאָדט.

דער פאָרזיצענדער פון קאָמיטעט איז, ווי מיר הערען, דער ה' סטאַראָסטא.

מצד די יודישע האַנדווערקער זיצען אין דער פערטייל-קאָמיסיע די ח"ה חיים קאָפמאַן און בנימין האָכמאַן.

די הלוואות ווערען געגעבען אויף א טערמין פון קנאַפּע דריי יאָהר און יעדער האַנדווערקער וואָס וויל איינקומען אויף אַ'הלוואה מוז אָנגעבען אַלס זשיראַנט א הויז-בעזיצער, אָדער אַזעלכען, וואָס בעזיצט א אומבעוועגליכען מאַיאָנטעק.

די הלוואות בעשטעהען פון 200 — 300 -- 400 און טיילווייז אויך פון 800 זל.

*Rzeźnia Miejska i Targowiska Zwierzęce*
**miasta Radomia.**

Podaje się do wiadomości publicznej, że w dniu 24 września 1930 roku odbędzie się

*przetarg w Rzeźni Miejskiej na dzierżawę ślamiarni (rogacizny).*

Przetarg rozpocznie się punktualnie o godz. 9-ej rano w biurze Rzeźni **od ceny wywoławczej zł. 5000** (pięć tysięcy).

**Dzierżawa** ślamiarni trwać będzie **jeden rok** od daty podpisania umowy i przyjęcia zobowiązań przez utrzymującego się przy przetargu.

Zainteresowani przetargiem obowiązani są każden oddzielnie złożyć w biurze Rzeźni Miejskiej do dnia 22 września 1930 roku włącznie: — w zamkniętej kopercie. —

1. świadectwo obywatelstwa;
2. pokwitowanie kasy Rzeźni Miejskiej na wpłacone wadjum w wysokości 10 proc. ceny wywoławczej;
3. zobowiązanie wpłacenia 50 proc. tenuty dzierżawnej jaka będzie wynosić po ukończeniu się przetargu — za pierwsze półrocze, zaś resztę po upływie pół roku od daty podpisania umowy dzierżawnej;
4. zobowiązanie do wpłacenia do kasy Rzeźni Miejskiej tytułem zabezpieczenia wykonania obowiązków, jakie wynikać będą z tytułu zawartej umowy, zł. 2000 (dwa tysiące).

Nadmienia się jednocześnie, że utrzymujący się przy przetargu obowiązany będzie do wypełniania swoich obowiązków w myśl przepisów i regulaminów Rzeźni Miejskiej i Targowisk Zwierzęcych miasta Radomia.

W każdym wypadku lub w razie niedojścia przetargu do skutku Rzeźnia Miejska i Targowiska Zwierzęce miasta Radomia zastrzegają sobie:

1. wybór oferenta (biorącego udział w przetargu) w-g swojego uznania.
2. pozostawienie przetargu bez skutków i następstw.
3. zatrzymania do własnej dyspozycji złożonego wadjum w razie cofnięcia się oferenta po przetargu.

Dyrektor WACŁAW RODZIEWICZ

Radom d. 4 września 1930 r.

# ראדאמער שעהנער יוד לאזט נישט אריין זיין טאכטער מיט צוויי קליינע קינדער

## און זיי מוזען שטעהן א גאנצע נאכט אין קאלטען דרויסען.

דער טאטע איז א שעהנער יוד און די מאמע איז א פרום כשר יודיש קינד און ביידע צוזאמען האבען זיי בעוויזען היינטיגע וואך אזא „שעהנעם" שהאט, אויף וועלכען ס'וואלט אפילו נישט פעהיג געווען דער נידריגסטער קלאס מענשען.

די געשיכטע איז אזוי פארגעקומען:

מיט עטליכע יאהר צוריק האט די טאכטער פון דעם ראדאמער גביר און שעהנעם יוד ר' משה זיך בעקענט מיט א היגען יונגערמאן א געוויסער ג. א לענגערע צייט האט דאס יונגע פארל שפאצירט אין געהיים, אז טאטע מאמע זאלען זיך נישט דערוויסען. ביידע יונגע הערצער האבען געבענקט איינער צום צווייטען און אזוי לאנג געגאנגען ביז זיי האבען זיך געשוואוירן ליעבע.

ווען ר' משה מיט זיין ווייב האבען זיך דערוויסט פון זייער טאכטערס שריט זענען זיי געווארען שטארק אויפגעבראכט, אשר בכן דער יחוס פון יונגערמאן'ס משפחה געפעלט זיי נישט און עס פאסט נישט פאר זייער כבוד. זיי האבען פארגעלעגט דער טאכטער א גרויסען נדן און נעמען פאר איהר א פערטיגען דאקטאר אדער אדוואקאט און אבי זי זאל איבעררייסען מיט איהר בעקאנטען. דאס אלץ האט אבער נישט געהאלפען. די טאכטער זייערע, א געבילדעטע און העכסט-אינטעליגענט מיידעל האט זיך וועניג גערעכענט וואס דעם טאטען שטעהט נישט אן דער יחוס און זי האט ערקלערט, אז איהר געפעלט דער יונגערמאן, און זי ליעבט איהם, ווייל ער איז א פיינער און אנשטענדיגער בחור מיט א גאלדענעם כאראקטער. דאס מיידעל האט זיך אפגעגעזעגענט דעם ווילען פון איהרע עלטערען, מיט וועלכע זי האט געפיהרט א שווערען קאמפף.

דער יונגערמאן איז נאך דאן געגאנגען אין א ראדאמער גימנאזיום און זי האט געווארט ביז ער וועט ענדיגען די שולע, כדי דאן צו שטעלען מיט איהם א חופה. זי האט געגלויבט, אז דורך דער צייט וועלען די עלטערען בעסער ווערען און וועלען ענדליך מסכים זיין אויפ'ן שידוך.

דער יונגערמאן האט געענדיגט די גימנאזיע, בעקומען מאטורע, אבער ר' משה מיט זיין ווייב האבען זיך ווייטער געהאלטען שטאל און אייזען ביי זייער פערלאנג, אז די טאכטער מוז זיך אויסניכטערען פון איהר ליעבע-קראנקהייט און אוועקשטעלען איהר בעקאנטען. ווען דאס אלץ האט נישט געהאלפען, האבען די עלטערען ערקלערט, אז זיי וועלען איהר פערלייקענען אלס טאכטער. דאס מיידעל האט זיך אבער נישט אבגעשראקען און אלץ חייטער געגאנגען מיט איהר בעקאנטען, ארומערעדענדיג דעם פלאן פון זייער צוקונפט. זיי זענען שוין געגאנגען אפיציעל איבער די ראדאמער גאסען, אין גארטען און אפילו ביז צום הויז פון דעם מיידעל'ס עלטערען, אבער מעהר נישט. דער יונגערמאן האט נאך אלץ נישט געוואגט ארויפצוגעהן אין שטוב פון זיין מיידעל'ס עלטערען. טאג-טעגליך האט ער זי בעגלייט ביז צום הויז און געבליבען שטעהן פאר דער שוועל פון דער טהיר.

דער יונגערמאן, איינער פון פערמעגליכע עלטערען, א שעהנער, א אינטעליגענטער, האט פאר גרויס ליעבע צום מיידעל פערליב גענומען די שיקאנעס, דאס שלעכטע טראקטירען און דאס נישט וועלען אנערקענען און זיך פונדעסטוועגען דעצידירט צו שטעלען א חופה מיט זיין מיידעל, די טאכטער פון ראדאמער שעהנעם יוד.

זיי זענען געפאהרען אין א קליין נאהנט שטעטעל, גענומען חופה קדושין און זענען אוועק קיין פאריז, וואו דער יונגערמאן שטודירט אויפ'ן מעדיצינישען פאקולטעט.

היינטיגען זומער איז די יונגע פרוי געקומען צו פאהרען מיט'ן מאן קיין ראדאם. זיי זענען געווען אויף דאטשע אין גארבאטקע און היינטיגע וואך, זונטאג ביינאכט איז די יונגע פרוי מיט צוויי קליינע קינדער געקומען צו די עלטערען. אבער ווי טער צווייפעלט איז זי געווארען, ווען די טהיר איז געווען פאר איהר פערשלאסען און מ'האט איהר נישט געוואלט אריינלאזען אין שטוב. אין דרויסען איז זי געשטאנען מיט צוויי פיצלעך קינדער א גאנצע נאכט און געציטערט פאר קעלט. ס'האבען נישט געהאלפען איהרע בקשות, איהר רחמים-בעטען— ר' משה'ס הארץ איז געווען פערשטיינערט. טאטע-מאמע זענען געווען אין שלאף-סאלאן און ס'האט זיי נישט גערירט, וואס אין דרויסען שטעהט אנ'אייגענע טאכטער מיט צוויי פיצינקע קינדערלעך און נישט דאס, וואס די טאכטער איז ערשט צוויי מאנאטען נאך דער קימפעט און האלט אויף דער האנד דאס קליינע שוועלבעלע.

ערשט פארטאג'ס-צו האבען זיך שכנים דערוויסט פון דער אונערהערטער סקאנדאליזער האנדלונג און האבען די פרוי מיט די צוויי קינדער צו זיך אריינגענומען.

מיר ווילען נישט ארויסשרייבען ר' משה'ס נאמען אינ אנצען, ווייל מיר האבען חס אויפ'ן כבוד פון דעם יונגען אידעאלען כאר-פאלק און אויך צו דעם ווייל מיר ווילען גלויבען, אז ר' משה וועט סוף כל סוף ענדערען זיין בעצהונג צו אנ'אייגען קינד, נישט וועלענדיג מעהר קאמפראמיטירט ווערען.

### בלימעל-פערקויף לטובת קרן-קימת.

דאס בלימעל-פערקויף וואס האט געזאלט פארקומען פאריגען מאנטאג איז צוליב פערשידענע מניעות אבגעלייגט געווארען אויף היינטיגען דינסטאג דעם 16-טען ה. ח.


## בעקאנטמאכונג.

די דירעקציע פון גימנאזיום „פשיאסשול-וויעדזי" אין ראדאם מאכט בעקאנט, אז די פאר-שולע PRZEDSZKOLE ווערט געעפענט דעם 1 פאזדזיערניק ה. ח.

די איינשרייבונגען אין דער פאר-שולע נעמט-אן די קאנצעלאריע פון גימנאזיום, קילינסקי 13 אין די שעה'ען פון 9 ביז 1 נ. מ.

**Potrzebna zdolna sprzedawczyni**

**z branży obojętnej.**

**Wiadomość w red. Rad,-Kielc. Leben.**

## פון „לינת הצדק"

אזוי ווי יעדעס יאהר, אזוי אויך היינט פיהרט דורך די געזעלשאפט „לינת הצדק" א פדיון נפש אקציע, וואס בעשטעהט אין דעם, וואס מען בעשטייערט זיך מיט 15 גראשען פון יעדען קאפ.

וויסענדיג אויף וואס פאר א וויכטיגען צוועק דאס געלד געהט, איז צו האפען, אז די ראדאמער אידישע בעפעלקערונג וועט ווארים אונטערשטיצען די א. ד. אקציע. גלייכצייטיג חערט געמאלדען, אז אין „לינת-הצדק" איז איינגעארדענט א בית תפלה אויף די ימים-נוראים, וואו ס'איז דא צו פערדינגען זעהר בעקוועמע פלעצער. עס זענען אנגאזשירט די בעסטע בעלי-תפלות.

אזוי די הכנסה פון די פערקייסטע שטעדט, ווי אויך פון פדיון-נפש איז בעשטימט לטובת ארימע קראנקע, וועלכע בעקומען אומזיסטע מעדיצינישע הילף און זענען אונטער דער אויפזיכט פון געז. „לינת-הצדק".

די פערוואלטונג פון „לינת הצדק" אין ראדאם

## בעקאנטמאכונג.

דאס מנין ביים הרב קעסטענבערג מעלדעט, אז די אלע פרויען, ווענעמס מענער דאווענען נישט ביים מנין, זאלען נישט קומען צום דאווענען די ימים נוראים

די שטענדיגע מתפללים ווערען אויפגעפאדערט תיכף אויסצוקויפען איינטריטס-בילעטען ביים משמש.

אהן בילעטען וועט אונבעדינגט נישט אריינגעלאזט ווערען.

בנימין שווארצבערג.

## לדוד זלוטוגורסקי

מזל טוב לארושיך!

נטע צוקר קילצי

א הערצליכען מז"ט ווינשען מיר אונזער סעקרעטאר ח' יוסף פערלאוו צו זיין חתונה מיט פרל' אדעלא ווייצהענדלער.

קרן קימת קאמיטעט אין קעלץ.

א הערצליכען „זייט-געזונד" ווינש איך אלע מיינע בעקאנטע, פריינד און קרובים צו מיין אבפאהר קיין אמעריקא.

יצחק זילבערשטיין

קעלץ 9 סעפטעמבער 1930

## צו דער עפענטליכקייט!

איך ערקלער, אז ס'איז נישט אמת, דאס איך זאל האבען געשלאגען פרוי זיסמאן, אמת איז, דאס עס קומט מיר פאר אנדערטהאלבען יאהר דירה-געלד, וועלכעס ה' זיסמאן וויל מיר ניט בעצאהלען, און אויף מיינס א בעמערקונג איז ה' יוסל זיסמאן אנגעפאלען מיט זידלערייען אויף מיר, ווי אויך אויפ'ן פאטער ע"ה, ווי אויך האט מיך פרוי זיסמאן אנגעגאסען מיט א שיסעל שמוציג וואסער, וועלכעט עדות האבען אלץ בייגעוואוינט.

ישראל שלאמאוויטש קעלץ.

## ראַדאָמער יודען!!

צי ווייסט איהר? דאָס אייער בן־עיר

**שמעון ווייצהענדלער** האט

## = א ערשטקלאַסיגען באַר =

**BAR ALA MINUTER** איי ווארשא

שוו. קזשיסקע № 43 (נעבען מארשאלקאָווסקי) טעל. 341-43

וועלכער איז בערימט מיט פרישע געשמאקע שפייזען

צו מיטאָגס און אָווענד־ברויט

צו מעסיגע פרייזען

און האָט זיך ערוואָרבען די שענסטע און אינטעליגענסטע קאָנסומענטען.

**געדענקט** אז איהר פאָרט נאָך וואַרשא צו בעזוכען מיין **באַר**

וואו איהר וועט הענכסט צופרידען זיין

מיט אכטונג אייער בן־עיר

**שמעון ווייצהענדלער.**

---

## לשמוע אל הרנה ואל התפלה.

מיר האָבען דעם כבוד בעקאַנט צו מאַכען, אז די נעכסטע ימים־טובים וועט אין דער סינאַגאָגע פון **בית־יתומים** און **מושב זקנים** דאַוונען דער בערי׳המ־טער בעל־תפלה **ר׳ יוסף סאנדעל**

די שוהל איז פערזעהן מיט זעהר בעקוועמע פלעצער.

פרייזען—זעהר צוגענגליכע. בילעטען צו בעקומען אין בוכהאנדלונג פון ה׳ דיאַמענט לובעלסקא 14.

בעמערקונג: די ריינע הכנסה איז בעשטימט צו פערשטאַרקען דעם קאסע־פאָנד פון בית־יתומים.

מיט אכטונג **די פערוואַלטונג.**

---

## קלאַנג־קינאָ „SWIT“

גאַנץ ראַדאָם ערוואַרט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג דאָס מאָנומענטאַלע בילד

# „דער דזשאַז־זינגער“

וואָס איז הונדערט פראָצענט רעדעוודיג

און מאכט א אונגעוועהנליכן איינדרוק אזוי מיט דעם אינהאַלט

ווי אויך מיט דעם געניאַלען שפּילען פון בעריהמטען

פילם־אַקטיאָר **אל זשאלסאז.**

דער קלאַנג־פילם

דער **„דזשאז־זינגער“**

וועט זיך בעווייזען

פון **מאָנטאָג** דעם 22-טען ה. ח.

---

## צוליב׳ן טוידט פון אנגעזעהענעם בירגער און עסקן פון אונזער שטאדט

# ר׳ משה רובינשטיין

דריקען מיר אויס דער אין טרויער פערבליבענער פרוי און קינדער אונזער טיפסטען מיטגעפיהל

המקום ינחם אותם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.

די פערוואלטונג

פון דער **יודישער קהלה**

**אין ראדאָם.**

---

מיר בעטייליגען זיך אין טיעפען טרויער פון אונזער חבר **חיים בעסענדאָרף** צוליב׳ן טויט פון זיין ליעבען

## פאטער נ. ע.

אין זיין ווייטערער ארבייט פאר אונזער אידעאל זאָל ער א טרייסט געפונען.

ג. פרייז, ל. ראוואל, מ. קראַקאָווסקי.

ל. קאָפף, מ. פערל, מ. האָניגסבערג.

---

משתתפים אנו בצערו הגדול של חברינו **חיים בסנדורף** למות עליו

## אביו נ. ע.

בעבודתו לטובת גאולת הארץ ינחם!

**ועד של הקרן קימת** בקילצי.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל די פאמיליע **בערנעמאַן** צוליב׳ן טויט פון זייער יונג פערשטאָרבענע טאָכטער

## אסתר

זאָלען זיי זיין געטרייסט און מעהר נישט וויסען פון קיין צער.

**יצחק בערנעמאַן** עט **פאַמיליע.**

---

Wyrazy głębokiego współczucia składamy rodzinie BERNEMAN

z powodu śmierci CÓRKI

## ESTESY

szczere koleżanki:

**Rachela Wajsmanówna, Dora Szwarcberżanka**
**Rózia Margulesòwna i Sala Luksenberżanka.**

---

*Kino dźwiękowe „ŚWIT“*

Dziś i dn. następnych

## Podcięte skrzydła

— w rolach głównych: —

Helena Chandler i John Garrick

Nad program: Liczne dźwiękowe dodatki.

---

*Kino CORSO Teatr*

Dziś i dni następnych

## Kochanka Rozwolskiego

W roli głównej **Brygida Helm i Harry Stuart.**

Na scenie: rewja

---

*Kino ODEON Teatr*

Od poniedziałku 8 Września r. b.

## BRACIA

**Ostatnia bitwa morska**

# קעלצער אבטיילונג.

## פערברייטערט די גרעניצען פון קעלץ.

### די שטאדט ווערט פערגרעסערט פון אייניגע דערפער.

פאריגע יאהר איז אין בנין פון סטאראסטווא פארגעקומען דער אקט פון איבערנעמען דורכ'ן קיעלצער מאגיסטראט די פעראייניגונג פון אייניגע שכנות'דיגע דערפער מיט דער שטאדט קיעלץ.

די זיצונג האט אנגעפיהרט דער סטאראסטא ה' באריסאוויטש. בעטייליגט האבען זיך די ה"ה: שטאדט-פרעזידענט, ה' טשיכאווסקי און לאווניקעס לעוו אין קארשאק. מצד די בין איצטיגע דערפער זענען אויך אנוועזענד געווען אייניגע פארשטעהער.

נאך דער זיצונג זענען אלע אנטיילנעמער אבגעפאהרען אויפ'ן ארט פון די פערברייטערטע גרעניצען.

די איינוואהנער פון דער דאזיגער געגענד וועלען שוין ביי די נאהענטסטע סיים וואהלען שטימען אין די קעלצער וואהל-„אבווארען".

## אינטערעסאנטע און פייערליכע שמחה ביי „מכבי"

דאנערשטאג, דעם 4-טען ה. ח איז אין איהר אייגענעם לאקאל פארגעקומען א פייערליכע זיצונג פון פאפולערסטען אין קיעלץ יודישען ספארט-קלוב „מכבי", אויף וועלכע עס זענען דעקארירט געווארען מיט אויסצייכנונגס-דיפלאמען 3 פון די בעסטע שפיעלער פון דער פוטבאל-סעקציע.

אויף דער פערזאמלונג זענען געקומען פיעל מיטגלידער, איינגעלאדענע געסט, ווי אויך א גרויסע צאהל יודישע ספארט-ליעבהאבער. היות ווי די נעמען פון די אויסגעצייכענטע מיטגלידער זענען דורך דער פערוואלטונג געהאלטען געווארען בסוד ביז דער לעצטער מינוט, האבען אלע אנוועזענדע מיט אינטערעס ערווארט די זיצונג.

מיט א לענגערע און אינטערעסאנטע רעדע, עפענט דער פארזיצענדער פון מכבי, ה' ד. פרישמאן, די זיצונג. ער ווייזט אן אויף די פערדיענסטען פון „מכבי" במשך פון איהר פרוכטבארע טעטיגקייט אויף אלע געביעטען פון פיזישער ענטוויקלונגס - ארבייט. גלייכצייטיג אבער זארגט „מכבי", ווי ווייט מעגליך, אויף דער גייסטיגער ערציהונג פון איהרע מיטגלידער. „מכבי" שטרעבט צו בעווייזען זיך מיט א פולשטענדיג שטאלצער נאציאנאלער יוגענד, וועלכע זאל זיין נארמאל פיזיש ענטוויקעלט.

דער רעדנער גיעט דאן איבער דעם לייטער פון דער פוטבאל-סעקציע, ה' שלמה אסטראוויטש צו דעקארירען די 3 מיטגלידער מיט די אויסצייכנונגען.

ביי א פייערליכער שטימונג בעציערט ה' אסטראוויטש פאלגענדע 3 מיטגלידער מיט די דיפלאמען: נחום גאלדבליט, זלמן גאלדבלום און יוסף גוטמאן.

עס רעדען נאך ה"ה כארענסלופ א. א. און נאך א געמיינזאמע פאטאגראפישע אויפנאמע ווערט די זיצונג געשלאסען.

## סקאנדאל אויף דער פארשטעלונג „ציאנקאלי".

היינטיגען זונטאג איז אין טעאטער פאלסקי געשפיעלט געווארען די איצט-בעריהמטע פארשטעלונג „ציאנקאלי" פון דייטשען דראמאטורג וואלף. ווי בעקאנט, פראפאגאנדירט די דאזיגע פארשטעלונג דאס ערלויבען אפיציעל אבארטען. צוליב דעם זענען אין פיעל שטעדט, וואו די פארשטעלונג ווערט געשפילט, פארגעקומען גרויסע סקאנדאלען מצד דעם ענדעקישען פובליקום, וועלכער טרעט ביי דעם גלייכצייטיג ארויס געגען ארויסשטעלען דייטשע ווערק אויף דער פוילישער ביהנע.

אין קיעלץ האט זיך נאך מיט 2 טאג צוריק געהאט בעוויזען אין דער פוילישער פרעסע א פראטעסט אונטערגעשריבען פון א רייהע ארגאניזאציעס געגען „ציאנקאלי". אויך האט מען געוואוסט, אז ביי דער פארשטעלונג גופא וועלען פארקומען סקאנדאלען. און ווירקליך האבען די השערות זיך בעשטעטיגט.

ווען די קורטינע האט זיך אויפגעהויבען ביים צווייטען אקט פון דער פארשטעלונג, איז פלוצלינג פון טיבליקום געפאלען אויף דער סצענע א גרעסערע צאהל פערשטינקענע אייער, בעגלייט דורך א שטארקע פייפעריי. די ארטיסטען זענען געווארען דערפון בעשמירט. באלד איז אין זאהל ענטשטאנען א טומעל. די אנגעקומענע פאליציי האט אבער גלייך איינגעשטילט דעם טומעל. די נעמען פון די היציגע שטערער, וועלכע זענען סטודענטען פון ווארשאווער פאליטעכניקום, זענען פערנאטירט געווארען.

## די טראגישע ליבע צווישען א פוילישען פארוטשניק און דע" שיינער טאכטער פון יודישען קלעזמער.

אין קיעלץ איז די סענסאציע פון טאג דער זעלבסטמארד פון 2 יונגע מענשען — דעם 29 יעהריגען פוילישען פארוטשניק באלעסלאוו ראך מיט זיין יודישער געליבטע, די 23-יעהריגע פרל. ראזאליא א. די שיינע טאכטער פון א געוועזענעם קלעזמער.

די געשיכטע שטעלט זיך פאר אזוי:

מיט צוויי יאהר צוריק האט די דירעקציע פון מיליטערישען קינא „טשווארטאק" (אויפ'ן נאמען פון 4-טען פולק פיעכאטע) אנגאזשירט אלס פיאניסטין דאס שיינע און גראטענע פרל. ראזאליא. פון איהר ארבייט, ווי אויך פון איהר ארט אויספיהרונג, איז די דירעקציע פון דערמאנטען קינא געווען גאנץ צופרידען.

פרל. א. האט געוואוינט בעזונדער אין א צימער ביי א פריוואטער פאמיליע, און יערען טעג איז זי צו דער בעשטימטער שעה געקומען צו דער ארבייט.

דעם „שרעקליכען סוד" וועגען איהר יודישען אפשטאמונג האט זי קיינעם נישט געוואלט איבערגעבען. אויך איהר אויסזעהן איז נישט געווען קיין איבריגע סעמיטישעס, און דערפאר האט זי „גאנץ דרייסט" זיך געקענט געפינען צווישען דער פוילישער געזעלשאפט.

בערך מיט א יאהר צוריק האט זיך פרל. א. בעקענט מיט'ן פארוטשניק ראך, וועלכער איז געווען א אפטער גאסט אין קינא „טשווארטאק". פארוטשניק ראך האט זיך אין דער פיאניסטין שטערבליך פערליבט, אזוי אז זיי האבען אפילו געהאט א... קינד, וועלכע איז שפעטער געשטארבען און איז בעגראבען געווארען אויפ'ן צמענטאזש.

די אידיליע פון פערליבטען פאהר-פאלק וואלט אפשר קיינמאהל נישט צעשטערט געווארען, ווען נישט די פלוצלינגע שרעקליכע בעקאנטשאפט, וואס פארוטשניק ראך האט מיטאמאהל בעקומען נאך זיין ערשטע קריספליכע פרוי, מיט וועלכער ער האט א לענגערע צייט נישט געלעבט צוזאמען. און די דאזיגע בעקאנטשאפט האט טאקי געקאסט דאס לעבען פון די צוויי יונגע מענשען.

פערגאנגענעם דינסטאג, ווען דאס פערליבטע פארל איז זיך אין די אווענדשעה'ן געזעסען ביי זיך אין דער וואוינונג, אין צווישען זיי – ווי שכנים האבען געהערט דורכ'ן וואנד — פארגעקומען א שארפער ווערטער-אויסטויש. מען איז משער, אז די פיאניסטין האט אויסגעגאסען איהר ביטער הארץ, הלמאי דער געליבטער פעררעט זי צון געהט זיך איבערבעטען מיט זיין ערשטע ווייב. פלוצלינג האבען די שכנים דערהערט עטליכע שאסען. מ'איז תיכף אריינגעלאפען אין וואוינונג און דערזעהן א שרעקליך בילד: אויפ'ן בעט איז געלעגען אין א קאלוזשע בלוט די פיאניסטין און לעבען איהר — איהר געליבטער, פארוטשניק ראך. ביידע זענען געווען טויט.

די סעקציע איבער די טויטע קערפער האט פעסטגעשטעלט, אז דאס האט דער פארוטשניק דערשאסען זיין געליבטע און דערנאך זיך אליין.

די לויה פון דער אומגליקליכער פיאניסטין איז אויפגעהאלטען געווארען צוליב די קלאנגען, וואס האבען זיך פערשפרייט, אז זי האט זיך אין יאהר 1929 גע'שמד'ט.

ערשט דאנערשטאג איז געקומען צו פאהרען קיין קעלץ דער פאטער פון דער דערשאסענער. וועלכער האט פארגעלייגט דער פאליציי און דער קהלת זיין טאכטערס מעטריקע, וואו זי פיגורירט אלס יודיש קינד. פאליציי האט נאך חוקר-ודורש געווען אין די מעלדונג'ס ביכער, וואו די פיאניסטין איז לעצטעוס פערשריבען געווען, און נאכדעם ווי עס איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז אין ערגיץ איז נישטא קיין נאטיץ וועגען איהר שמד, איז דאס פריילין א. ערשט דאנערשטאג 12 ביינאכט געבראכט געווארען צו קבורה אויפ'ן יודישען בית-עולם.

BAYER
ASPIRIN
TABLETKACH
Środek tak wspaniale uśmierzający bóle, jest często przedmiotem podrabiania. Dlatego też przy bólu głowy i zębów, przeziębieniu, reumatyzmie, należy przyjmować tylko tabletki, które jak i opakowanie opatrzone są znakiem BAYER.
ISTNIEJE TYLKO JEDNA ASPIRINA!




## ס'איז א גוטער סימן

צום נייען יאהר. ווען דער בעל־הבית'טע האָט זיך דאָס געבעקס גוט איינגעגעבען. מיט צ ע ר ע ם געראָט עס שטענדיג׳

**100 % צערעס**

קאקאָס־פּעטס ווערט פון אנהויב ביז'ן סוף אויסגעארבייט אונטער דער שטרענגסטער השגחה פון הרה"ג ר' שמחה פרענקעל מסקאַווינא און קען דעריבער געברויכט ווערען צו אלערליי שפּייזען אפילו למהדרין מן המהדרין.




פערלאנגט אויסדריקליך נור „צערעס" מיט א הכשר־שטעמפעל. און נעמט־נישט אָן קיין מינדערוועדטיגע, אומבע־קאנטע פאבריקאטען.

## Podziękowanie.

Zarząd Domu Sierot Żydowskich w Radomiu serdecznie dziękuje Panu D-rowi Szenderowiczowi i Panu Hoppenhaimowi za złożonej ofiary w sumie zł. 50 (pięćdziesiąt).

Zarząd.

LEKARZ D-r MED.

# L. FASTMAN

specjalista chorób uszu, nosa i gardła
przeprowadził się z dniem 1 Sierpnia
na ulicę MARJACKĄ 12 (II piętro)

Kino-Teatr **Nowe Czary** w Radomiu.

Dziś i dni następnych!

1. Najwspanialszy amant świata w filmie p. t. **Ubóstwiany Sfinks**
2. Fascynująca cy dramat p.t. **Dama w czarnym Dominie**

# בירגער!

## קאָכט נאָר אויף גאַז!

ג אַ ז איז ריין, שפּאָרזאם און בעקוועם.

ג אַ ז איז דאָס ביליגסטע, בעסטע און בעקוועמסטע ברען־מיטעל אין דער יעצטיגע צייט.

טויזענדטער מענשען בענוצען זיך יעצט מיט **גאַז־קוכען**, ווייל דאָס קאָסט בעדייטענד ביליגער ווי אויף קוילען.

די שפּאָרזאמע **גאַז־קוך** ענטהאַלט מעהר ווארימקייט ווי די קוך אויף קוילען.

א סך ווירטינס האָבען נישט קיין לוסט צו פערברענגען אין קוך און ענטזאָגען זיך צו פערנעמען פּערזענליך מיט קוך־אנגעלעגענהייטען צוליב דער איינציגער אורזאך, וואָס זיי קאָנען נישט פערטראָגען די פּרימיטיווע קוילען־קוך.

נידער מיט די פערקאָפּטשעטע און די איבערגעברענטע קוך־בלעך! זאָל לעבען די דעמאָקראַטישע, שפּאָרזאמע, בעקוועמע ג אַ ז־ק ו ך.

די נייע שפּאָרזאמע ג אַ ז־ק ו ך פערברויכט א מינימום גאַז, געבענדיג גלייכצייטיג א מאַקסימום וואַרימקייט.

די יעצט־אינסטאַלירטע דורך דער ראַדאָמער גאַזאָווניע ג אַ ז־ק ו כ ע ן זענען פערזעהן מיט די נייעסטע שפּאָרזאמע ברען־רעהרלעך (פּאַלניקעס), וועלכע אין פערגלייך מיט דער קוילען־קוך ברענגען זיי איין צייט און הייץ־קאָסטען און שוין צוליב דעם ברויך זיך אין ראַדאָם נישט געפונען קיין איין הויז אָהן ג אַ ז.

אויף א ג אַ ז־ק ו ך האָט מען די מעגליכקייט צו קאָכען אין צוויי טעפּלעך אויף איין פלאַם און דערביי שפּאָרט מען איין געלד.

אַ ג אַ ז־ק ו ך דאַרף זיין ביי יעדער ווירטין, איבערהויפּט ביי פאַמיליעס, וואו די פרוי, מוטער פערנעמט זיך אַליין מיט די שטוב־ווירטשאַפט, ווייל מיט דער הילף פון גאַז איז גענוג צו ווידמען א קליינע צייט אויפ'ן ווירטשאַפטליכען געברויך.

א בעזונדערע בעדייטונג האָט די דאָזיגע מעלה, אז די שפּייז־גרעט־לען, וואָס ווערען איינגעאָרדענט אויף א **גאַז־קוך** ווערען נישט קאַליע ווי דאָס טרעפט אָפט אויף קוילען־קעכלעך.

דאָס עסען וואָס ווערט געקאָכט אויף ג אַ ז איז שטענדיג פריש, שמאַקהאַפט און געזונד.

נישט איינמאָהל וואָלט אויסגעמיטען געוואָרען קריגערייען ביי פאַמי־ליעס צוליב דעם נישט געהעריגען צוגרייטען דאָס עסען. ווען מען בענוצט אויסשליסליך **גאַז־קוכען**.

**ווען דער מאַן וועט האָבען שמאַקהאַפטע און גוטע מאכלים און וועט זיך פיהלען אין זיינע פיער ווענד גוט, וועט ער נישט געהן אין „קנייפּייס", אָדער צוזאַמענקונפט־הייזער און וועט בעסער זיין אויסגעארבייטען גראָשען בע־האַלטען אויף א שלעכטער צייט.**

### ווער קאָן דאָס אַלץ מאַכען? — א גאַז־קוך!

שפּאָרזאַמע לויט דער נייער קאָנסטרוקציע **גאַז־קוכען**, פּיעציקעס צום בראָטען, אייזענס צום פרעסען, רעהרלעך צו בעלויכטען, אַפּאַראַטען געהייצט מיט גאַז פאַר האָדווערקער, דאָקטוירים, דענטיסטען פאַבריקן, לאַבאָראַטאָריום'ס א. ד. גל. דאָס אַלץ אינסטאַלירט מאָמענטאַל די

## GAZOWNIA RADOMSKA

— MŁODZIANÓW —

TELEFON 134.

Redaktor Ch. M. Herc

Drukarnia Wyd. „Radomer-Kielcer Leben" Radom Sawaślikowska 10.